ל. קוויטקאָ

# דאס זשוקל






אַ רעגן, א רעגן.
אין געסעלעך שמאָל
סאי רינוועס, סאי טייכלעך,
סאי ריטשקעס אָן צאָל.

סאי בּוימער, סאי טוואוועס, —
זיי ציטערן נאַס.
קיין מענטשן, קיין ציגן,
קיין הינט ניט אין גאס.

נאר איינס נאר, א זשוּקל
מיט פיסעלעך רויט,
דרייט זיך אין ריטשקעס
און שפּילט זיך מיט טויט.



אט קערט זיך עס איבער
אוי, — גול-גול און אויס!
אט שטעלט דאס א פיסל
און רייסט זיך ארויס.

אט טוט אין דעם קעפל
א טראפן א קלאפ,
און אונטן א בולבע
אט טוט עס א כאפ.

נאָר דא טוט א שפענדל
א קרים זיך, א לויף,
א בויג זיך צום זשוקל
און נעמט דאס ארויף.



סע שטעלט זיך אינמיטן
און האלט זיך גוט צו,
סע שווימט זיך דאס שפּענדל
און טראגט ערגעץ וואו.

די ריטשקע זי בלעבלט,
און זילבערט און בלענדט;
עס טראגט זיך דאס שפּענדל
פאר פריזבעס, פאַר ווענט.

און קומט צו א שטיבל
און טוט זיך א שטויס —
אריין אין א לעכל,
אריין אין א הויז.



דא וואוינט זיך א בּעקער
און קינדערלעך דריי, —
זיי כאַפּן דאס זשוּקל
און לאזן דאס פריי.

Л. КВІТКО

# ЖУЧОК

Еврейською мовою

.פּרייז 25 קאָפּ

ЦІНА 25 КОП.

МАЛЮНКИ
ХУДОЖНИКА
ГЕОРГА ФІШЕРА

Перша Друкарня
Державного Видавництва України
імени Г. І. Петровського
Харків

УКРГОЛОВЛІТ 2249 1928
ЗАМ 240 ТИР 3000

Всеукраїнська Філія Центрвидаву при Президії ВУЦВК
Харків, Палац Праці
1 9 2 8 р.